# מינוטן

(נײַנצן פופצן — נײַנצן נײַנצן)

פון
ה. גודעלמאַן



באַצירונגען פונם סקולפּטאָר
אהרן גודעלמאַן

---

אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „אָטעם“
נו־יאָרק
1923

ח. גודעלמאַן

## מיינע בריוו

קענסט מיך מער נים ליבן, האָסטו מיר געזאָגט,
כבין פאַרקלעמט פון שטוב אַרוים;
כהאָב דיך, ליבסטער, נים געפרעגט פאַר וואָס,
סאיז מיין צאַר געווען צו גרוים.

כהאָב דיך נאָר געבעטן אַלע בריוו,
וואָס דו האָסט פון מיר;
האָסט געענטפערט מיר: אַז מיינע בריוו
געפעלן דיר . . .

# אין גאַס

כהאָב אַנומלט דיך אין גאַס באַגעגנט,
סהאָט דיין פּאָנים אויף אַ האָר זיך ניט פאַרביטן;
דיין שיינער אויסזען, ווי אַ שאַרפער מעסער,
האָט מיין האַרץ געשניטן.

טריט באַ טריט בין איך דיר נאָכגעגאַנגען,
ווי אַ קליינע קינד גייט נאָך דער מאַמען;
דו זאָלסט מיך, ליבסטער, ניט באַמערקן,
האָב איך זיך באַהאַלטן הינטער פרעמדע דאַמען.

כהאָב געוואָלט דיך אָפּשטעלן און זאָגן:
סקען מיין האַרץ כוץ דיר קיינעם ניט ליבן;
ווייזן דיר, וואָס סאיז פון מיר געוואָרן,
זינט איך בין אָן דיר פאַרבליבן.

איז אַ טראַמוויי פלוצלונג אָנגעפאָרן,
ביזט מיט אים צוזאַמען ווי אַ בליץ פאַרשוואונדן,
האָבן טרערן זיך גענומען קייקלען אויף מיין פּאָנים,
כהאָב דערפילט אין האַרצן טויזנט נייע וואונדן.

ה. גודעלמאַן

## און זיך אַליין

כטראָג קיין בייזע האַרץ אויף דיר —
וואָלט איך דיך געהאַט איצט לעבן מיר,
צוגעטוליעט וואָלט איך מיך צו דיר,
ניט קיין איינציק וואָרט אַרויסגערעט,
נאָר פאַמעלאַכן דיין שיינעם קאָפּ געגלעט,
און זיך אַליין אויף דיינע אַקסלען אָנגעליינט,
און שטיל מיין ביטער האַרץ פאַר דיר גוט אויסגעוויינט.

## באַם זונען-אונטערגאַנג

באַם זונען-אונטערגאַג
דערמאָן איך זיך אָן דיר;
באַם זונען-אונטערגאַג
וויינט מיין האַרץ אין מיר.
באַם זונען-אונטערגאַג
האָסטו מיר אַ סאָד פאַרטרויט;
באַם זונען-אונטערגאַג
מיר אַ נייע וועלט געבויט.
באַם זונען-אונטערגאַג
האָסטו מיך אויף סניי באַלעבט;
באַם זונען-אונטערגאַג
אַ פרילינגס-טרוים פאַר מיר געוועבט.
באַם זונען-אונטערגאַג
האָט דיין האַרץ געזונגען מיר פון פרייד;
באַם זונען-אונטערגאַג
האָסטו זיך מיט מיר צעשיידט.
— — — — — — — — — — —
באַם זונען-אונטערגאַג

ה. גודעלמאַן

## זונטיק

כטראַג אַ ווייטיק אין מיין האַרצן
אַלע זיבן טעג אין וואָך;
ווען עס קומט דער ליבער זונטיק,
ווערט מיין ווייטיק גרעסער נאָך.

כזע די כאַווערטעס שפּאַצירן,
אויסגעפּוצט, מיט זיירע פריינט:
יעדנס פּאָנים שטראַלט פון ליבע,
ווי פון פרילינגס-זון באַשיינט.

זיץ איך אויסגעפּוצט באַם פענסטער,
קוק אויף זיי און טראַכט פון דיר:
ווײנט מיין האַרץ פון הייסער ביינקשאַפט,
ווײנט און ווערט צעפליקט אין מיר.

## ווען

כוואָלט די טיפקייט פון יאַמען ניט באַזונגען,
ווען איך וואָלט די אויגן דיינע ניט געקענט;
כוואָלט די יולי זונען־שטראַלן ניט באַזונגען,
ווען דיין בליק וואָלט ניט מיין האַרץ פאַרברענט.
כוואָלט די ווייסקייט פון די ליליען ניט באַזונגען,
ווען איך וואָלט ניט זען דיינע ציין;
כוואָלט דעם פרילינגס מאָרגן ניט באַזונגען,
ווען דיין פּאָנים שטראַלט ניט פול מיט כיין.
כוואָלט די טויען פון די פעלדער ניט באַזונגען,
ווען איך וואָלט דיין אָטעם ניט געשפּירט;
כוואָלט פון ליבע קיינמאָל ניט געזונגען,
ווען דיין ליפּ וואָלט מיינע ניט באַרירט.

ה. גודעלמאַן

## פאַרוואָס ?

און ווערט מען מיך פרעגן:
פאַרוואָס האָט מיין אויסזען אַזוי זיך פאַרביטן,
פאַרוואָס איז מיין פּאָנים אין פאַלדן צעשניטן,
פאַרוואָס זיינען אַש-גרוי געוואָרן די לאָקן,
פאַרוואָס איז מיין אויג איצט פאַרויטלט, צעשראָקן ?
וועל איך שטאָט אַנטפער אין גאַנצן גאָר שווייגן,
כוועל נאָר אויף מיין ברוסט מיט מיין פינגער אָנצייגן
דיין קליינינקע, שיינינקע בילד,
וואָס קוקט פון דעם ראָם אַזוי כיינעוודיק מילד.

## דער זייגער

פלעגט דער זייגער קלינגען אכט,
האָבן מיר די קלאַנגען אַכט
פרייד און ליכט אין הויז געבראַכט.
סהאָט דערמאָנט די אַכטע שאָ,
קומען באַלד צו מיר וועסטו,
ברייגנען פאַר מיין האַרצן רו.
קלינגט אַצינד דער זייגער אַכט,
שפרייטן אויס די קלאַנגען אַכט
אין מיין האַרץ אַ טיפע נאַכט.
עס דערמאָנט די אַכטע שאָ:
קומען קיינמאָל שוין וועסטו,
בלייבן וועט מיין האַרץ אָן רו.

ה. גודעלמאַן

# טוט מען ווען אַ קלאַפּ אָן טיר

ווײַנט מײַן האַרץ אין מיר נאָך דיר.
ווײַנט דײַן האַרץ אין דיר נאָך מיר,
ווי עס ווײַנט מײַן האַרץ נאָך דיר,
ליבסטער מײַנער ?
גיבן מיר די בלויע זומער־נעכט קײן רו.
שליסן דײַנע אויגן אויך, ווי מײַנע, זיך ניט צו ?
גיבן דיר, ווי מיר, די זומער־נעכט קײן רו,
ליבסטער מײַנער ?
טוט מען ווען אַ קלאַפּ אָן טיר, —
ווערט מײַן האַרץ דערפרײַט אין מיר.
פרײַט זיך אויך דײַן האַרץ אין דיר,
ווען מען קלאַפּט אָן אָן דײַן טיר,
ליבסטער מײַנער ?

## אָפּגענאַרט

כהאָב אויפגעראַמט מיין צימער
מיין בעט מיט ווייס פאַרשפּרייט
זיך אָנגעטאָן דאָס דינסטע קלייד
די האָר פאַרקאַמט אַזוי ארימער
ווי דו האָסט ליב;
באַשפּריצט זיי מיט פאַרפומען
און אָפּגענאַרט מיין אייגן האַרץ,
אַז דו וועסט צו מיר קומען.

ה. גודעלמאַן

## ווײסטו וויסן

ניט קוק, וואָס אַלע מײנע ווערטער
קלינגען וואָכעדיק און פּראָסט;
יעדעס וואָרט אין מײנע בריוולאַך
האָט מיך אַ שטיקל האַרץ געקאָסט.

און נעמסטו ווען אין האַנט די בריוולאַך
צײל די ווערטער ריכטיק, קינד;
ווײסטו וויסן, אין וויפיל שטיקלאַך
סאיז צעפּליקט מײן האַרץ אַצינד.

## כביינק נאָך אַ טאַטן

כביינק נאָך אַ טאַטן,
דו נאָך אַ מאַמען;
לאָמיר-זשע, ליבסטער,
זיין איצט צוזאַמען.

דו, ווי אַ טאַטע,
וועסט מיך ערנערן;
כוועל, ווי אַ קינד, דיך
פאָלגן און הערן.

איך, ווי אַ מאַמע, וועל
גאַט פאַר דיר בעטן,
און אויף מיין שויס דיך
צערטלען און גלעטן.

כביינק נאָך אַ טאַטן,
דו — נאָך אַ מאַמען:
לאָמיר-זשע, ליבסטער,
זיין איצט צוזאַמען.

ה. גודעלמאַן

## גליק

כהאָב קיינמאָל ניט דאָס גליק געזוכט
עס איז אַליין צו מיר געקומען;
און האָט מיט אָרעמס פריידיקע
מיך ליב אַרומגענומען.
און שוועסטערלאַך מיר אויסגעקושט
די טרערן פון די אויגן,
און קושנדיק און שמייכלנדיק,
שטיל אַוועקגעפלויגן.

## אין דער שטיל

מעגן ליבעס-ווייען מיר מיין האַרץ אין שטיק צעפּליקן,
טונקל מאַכן מיינע קלאָרע, שעמעוודיקע בליקן,
מיינע שוואַרצע האָר אין וויים קאָליר פאַרביטן,
טיף אין פאַלדן מיר מיין בלייך געזיכט צעשניידן;
מעג פון מיר שוין ווערן וואָס עס וויל —
וועל איך אַלץ צו גוטן נאָר
דיך דערמאָנען אין דער שטיל.

ה. גודעלמאַן

## ניט פרעג

און ווען מיך באַגעגנען,
ניט פרעג מיך, וואו איך וואוין און וואָס איך טו ?
נאָר פרעס דיין שטאַרקן אָרעם צו מיין אָרעם צו
און פיר אַ שווייגענדע מיך ערגעץ־וואו,
ווייט, ווייט אַוועק פון סדומען שטאָט,
וואו סאָם איז יעדער בליק, און זינד אַ יעדער טראָט.
ווייל מיד בין איך, און גאַר נאָך רו —
ווי אַ קינד פאַרנאַכט נאָך איילולו.

## האַרץ מיינס

האַרץ מיינס, וויין ניט,
סאיז אומזיסט.
ווײנט אַן אויג, —
זעט מען כאַטש די טרערן;
מענטשן ווערן מילד,
קענסטו געהאָלפן ווערן...
ווײנט אַ האַרץ, —
הערט ניט קיינער;
מענטשן בלייבען שטום,
ווי פון גאַס די שטיינער.

ה. גודעלמאַן

## נאָר איך איינע

אַלע זיינען זיך פון הויז צעגאַנגען,
נאָר איך איינע בין פאַרבליבן;
האָט אַן אומעט אין מיין הארצן
אַזאַ שווערער זיך פאַרקליבן.

און גענומען ווי מיט שטיינער,
אויפן הארצן פּרעסן, פּרעסן.
האָב איך באַלד אַ בוך געעפנט,
כזאָל אַן אומעט זיך פאַרגעסן.

האָט דער אומעט ווי אַ נעפּל,
אויפן בוך זיך אויסגעצויגן,
מיר פאַרשטעלט אַ יעדע שורע
און פאַרנעפּלט מיינע אויגן.

און האָט, ווי אַ גלאָק אַ טויבער,
אין די אויערן מיר געקלונגען,
און נאָך טיפער אין מיין הארצן,
ווי אַ שווערט אַריינגעדרונגען.

נאָר אַ פליג איז אָנגעפלויגן,
פאַרן אויער זיך צעזשומעט,
איז די פליג אַוועקגעפלויגן
און מיט איר — מיין שוואַרצער אומעט.

## באַ דיין הויז

באַם זונען־אונטערגאַנג
בין איך שאָען, שאָען לאַנג
באַ דיין הויז געשטאַנען,
אין דער הויך צו דיר אַרויפגעבליקט
דורך דיין גאָלדיק פענסטער,
וואָס איז אָפן האַלב געשטאַנען,
גרוסן שטומע דיר אַריינגעשיקט.
און דיין בלייכער שאָטן
האָט זיך ווי אַן אומרו
אויפן ווייסן פאָרהאַנגל געוויגט
און מיך באַגליקט.
— — — — — — — — — — — —
באַם זונען־אונטערגאַנג.

ה. גודעלמאַן

## ליבסטער מיינער

אין די ראָזעווע פֿאַרנאַכטן,
הויבט מיין הארץ פֿון דיר אָן טראַכטן,
ליבסטער מיינער.
ווערט דער הימל ראָז פֿאַרצויגן,
זוכן אום דיך מיינע אויגן,
ליבסטער מיינער.
ווערט די ראָזיקייט פֿאַרשוואונדן,
ווערן רויט און לאַנג די שטונדן,
ליבסטער מיינער.

## טרינקען

טרינקען, טרינקען, טרינקען!
אַך, ווי גוט עס איז מיר, ווען איך טרינק!
טרינק איך, ווערט מיר לייכט אַזוי און גרינג;
טרינק איך, ווערט מיין קאָפּ פֿאַרדרייט,
און די אויגן שמעלער, קלענער,
זע איך דיך אין אַלע מענער,
טאַנצט מיין האַרץ פון גליק און פרייד.
טרינקען, טרינקען, טרינקען!
אַך, ווי גוט עס איז מיר, ווען איך טרינק!
טרינק איך, ווערט מיר לייכט און גרינג.

ה. גודעלמאַן

# קלאָלעם

דו מיינסט אַז איך וועל דיך פאַרגעסן,
דערפאַר ווייל דו האָסט מיך פאַרטריבן ?
ניין, איך וועל אפשר דיך שעלטן,
דאָך קיינמאָל ניט אויפהערן ליבן.
איך וועל קלאָלעם אַזוי לאַנג דיר שיקן,
ביז כאָטש איינע מעקויעם וועט ווערן.
אַ פאַרשאָלטענעם וועט קיינער ניט וועלן,
וועסטו מוזן צו מיר געהערן...

# אַ טרער פֿאַרלאָרן

איך האָב צום הויז אים צוגעפֿירט
און קיין איינציק וואָרט אַרויסגערעט,
נערוועז מיין אייגן פּאָנים נאָר געגלעט,
אַ שאַרפֿן ווייטיק אין מיין האַרץ געשפּירט.
ער האָט מיין פּאָנים שטומערהייט
מיט ליפּן וואַרימע באַרירט
און קושנדיק אַ טרער פֿאַרלאָרן;
עס האָט די טרער מיך אויפֿגעריכט:
איך בין דערלייזט געוואָרן.

ה. גודעלמאַן

# אַליין מיט איר

איך אין הויז אַליין מיט איר:
זיצט זי בײַ דעם פענסטער לעבן מיר
אין אַ דינעם פענואַר פון זייד,
ביידע צעפּ פאַרוואָרפן אויף אַ זייט,
קוקט פאַרטיפט אין מאָדע-בוך אַריין,
ווי איך וואָלט אַצינד אין הויז ניט זיין.
קוק איך אין דער בלויער נאַכט אַרויס,
וואַקסט זי פון דער בלויקייט אויך אַרויס.

## מיט פֿאַרדראָס

פיל שאָ אין טאָג
פיל טעג אין וואָך
גיי איך נאָך זיי נאָך
מיט פֿאַרדראָס,
ווי עס גייט,
צוגעבונדן אויף אַ קייט,
א הונט נאָך זיין נייעם באַלעבאָס.
יעדער שאָרך פון זייער קלייד,
יעדער ריר
צי ווייט אַוועק,
צי נאָענט פון מיר —
שאַפט מיר פרייד,
מאַכט מיך רוישיק
מאַכט מיך מיד,
און אין האַרצן טיף באַ זיך
זינג איך שטיל צו זיי אַ ליד.

ה. גודעלמאַן

## ווייס איך

כליב איַיך, כליב איַיך!
„פראָסטע ווערטער צוויי,
אַ געמאַכטער ליבעס-ווײ,“
ווייס איך, וועט איר זאָגן,
ווייס איך, וועט איר טראַכטן
געקאָמעדיק און שמייכלען.
איך וועל אָבער שטיל דעם ווייטיק
אין מיין האַרצן טראָגן,
ווי אַ שאָטן בלאָנדזשען
אין די ווייסע פראָסטיקע פאַרנאַכטן,
פון אַלעמען פאַרפרעמט,
פון אַלעמען פאַרשעמט,
שפירן דעם געמאַכטן ליבעס-ווײ,
מורמלען שטיל די פראָסטע ווערטער צוויי:
כליב איַיך, כליב איַיך!

# אַ דאַנק.

איך שיק פון טיפסטן האַרץ
אַ גרויסן, גרויסן דאַנק
צו דיר;
וואָס האָסט באַשאַפן זיי
פאַר מיר
און זיי אָוועקגעשיינקט מיר פאַר אַ גרויס
געשאַנק.
און כאָטש איך פיל זיך פּוסט
און מיד צווישן זיי,
דאָך שטילט
די פּוסטקייט און די מידיקייט
אין מיר מיין וויי.
און מאַכט זיך ווען אַ טאָג אַ נאַכט
וואָס איך האָב ניט מיט זיי פאַרבראַכט,
דאַן זיינען מיינע טעג
און נעכט
אי גרוי,
אי קאַלט,
און סדוכט מיר, אַז איך בין שוין
דווירעם, דווירעם אַלט.

ה. גודעלמאַן

# ווער איך שטיפערישער

איך האָב ליב רויטן שפּילעוודיקן ווײַן!
ווײַל איך רויטן שפּילעוודיקן ווײַן,
הייב איך אָן די ליפּן זײַ'רע זויגן;
ווײַל איך באָדן זיך אין פרילינגס שײַן,
קוק איך טיף אַרײַן אין זײַ'רע אויגן.
הויב איך אָן צו ווערן שיקער
פון דעם רויטן שפּילעוודיקן ווײַן,
פון דעם פרילינג יאָנטעוודיקן שײַן,
ווערט מײַן פרייד דאַן העלער, שענער,
און מײַן אומגליק קלענער, קלענער;
ווער איך שטיפערישער, ייִנגער, אויפגעריכטער, —
טאַנצט די זינד אויף זייערע געזיכטער.
ווײַנט מײַן האַרץ אין מיר וואָס קען זיך ניט באַפרײַען
פון מיר דעם אייביק — צו דער זינד — געטרײַען.

## כמוז צו איך געהערן

טוט מיט מיר שוין וואָס איר ווילט,
כמוז צו אַייך געהערן;
מעגט איר גוטס טאָן אָדער שלעכטס,
איך וועל אייך ניט שטערן.
כוועל ווי אימער אַייך, נאָר אַייך,
האָבן בלויז אין זינען,
ווי עס דינט אַ שקלאַף זיין האַר,
וועל איך אייך אויך דינען.

## פאַרלאָזט געזונטערהייט

פילט איר מיך ווי צו פאַרלאָזן,
פאַרלאָזט געזונטערהייט;
זאָל אייך גאָרניט אָרן —
פאַר מיין צאַר, פאַר מיין לייד, —
כוועל אין אייער פאַרלאָזן
אויך געפינען פרייד.
וועט איר אַמאָל פילן
צוריקקערן צו מיר,
קומט געזונטערהייט.
אָפן שטייט פאַר אייך מיין טיר,
דער טיש מיט גוטס געגרייט,
כטראָג קיין בייז פאַר אַייך אין מיר,
קומט געזונטערהייט.

# מיין פרייד

קומט מיין פרייד
שטילערהייט
אין מיין הויז,
אין א זוניקן קלייד
דורכן פענסטער אריין.
קושט מיר אויס
פון מיין האַרץ
מיין ווי און מיין פּיין;
פאַרוויגט און באַזונט מיך
מיט זוניקן שיין,
פאַרשווינט ווי אַ ווינט,
פאַרשייט ווי אַקינד,
פון מיין הויז
דורכן פענסטער ארויס
ערגיץ ווייט,
ערגיץ ווייט.

ה. גודעלמאַן

## שעם זיך ניט

סאיז ניטאָ זיך וואָס צו שעמען,
שעם זיך ניט פאַר מיר,
סהאָט דיין מיידל-פרייד
אָנגעקלאַפּט באַ מיר אָן טיר.
דיין פרייד וואָס האָסט געזאַמלט
צוואַנציק יאָר אין זיך
צו דערפרייען מיך און דיך.

סאיז ניטאָ זיך וואָס צו שעמען,
שעם זיך ניט פאַר מיר,
סהאָט דיין מיידל-פרייד
מיך געבראַכט צו דיר.
צי אַרויף צוריק די ברעמען,
זאָל דיין מיידל-ליכט
בריען מיין געזיכט.

סאיז ניטאָ זיך וואָס צו שעמען,
סהאָט דיר גאָט אַ פרייד געשאָנקען
זי אָוועקצושיינקען וועמען,
בין איך זי געקומען נעמען,
שעם זיך ניט פאַר מיר.

## סאיז גוט אַזוי

סאיז גוט אַזוי, סאיז גוט.
זאָל זיין דאָס ליכט אינגאַנצן
אויסגעדרייט;
עס ווערט אין פינסטערניש
מיין בלוט נאָך מער דערפרייט
אין מיר
פון דיר
און פון דיין מיידלש אויגן-ליכט
וואָס ברית
און גליט
מיין שטאָלענע געזיכט.
סאיז גוט אַזוי, סאיז גוט,
וואָס האָלסט פאַרוואָרפן
דיינע הענט
אַרום מיין האַלדז ווי קייטן,
וואָס דיינע ליפן ציטערן
ווי ראָזע בלימעלאַך אויף בייטן.
סאיז גוט אַזוי, סאיז גוט.
עס זינגט
און קלינגט
אין מיר דאָס בלוט
אין יעדן גליד
דאָס לאַנג-געביינקטע נישט דערביינקטע ליד.

פופציק

ה. גודעלמאַן

## סילוויאַבעל

עס היינגען מיינע שאָען,
ווי צעגליטע שטיקער שטאָל אויף מיר,
רויט און לאַנג איצט זיינען מיינע טעג.
פאַרוואָסזשע היינגען מיינע שאָען
ווי צעגליטע שטיקער שטאָל אויף מיר?
סילוויאַבעל איז ווייט פון מיר,
ווייט אַזוי פון מיר.

און כאָטש עס קארגט די זון ניט אירע גאָלד'נע שמייכלען
מיר אויפן פאָנים אויפצוהיינגען,
פאַרוואָסזשע ליגט אַן אומעט
טיף אין יעדן פאָנים-קנייטש באהאלטן?
סילוויאַבעל איז ווייט פון מיר,
ווייט אַזוי פון מיר.

ווי קאָלירטע זומער-פייגל פלאַטערן פאַר מיינע אויגן
מאַניעטדיקע פרויען בליקן,
ווייזן האַלב-אַנטבלויזט
זיי'ר אויסגראַווירטע פרייד פאַר מיר.
פאַרוואָסזשע זיינען פייכט די אויגן
און וואַסערדיק מיין בלוט?
סילוויאַבעל איז ווייט פון מיר,
ווייט אַזוי פון מיר.

כהאָב געקויפט באַם גערטנער היינט
אַ בינטל שמעקנדיקע בלומען,
סהאָט דער טוי זיך נאָך אויף זיי געפערלט,
ווי די טרער פון גאָר א קליינע קינד.
פאַרוואָסזשע פיל איך ניט זייער רייאַך?
סילוויאַבעל איז ווייט פון מיר,
ווייט אַזוי פון מיר.

# איך טו עס אויך אַזוי

דערמאָנסטו מיך,
דערמאָן מיך כאָטש צום גוטן,
איך טו עס אויך אַזוי.

און ציִען מײַנע טעג זיך פּויל און גרוי
און מאַכן ענג מײַן הויז און פֿרעמד,
און טיף אין האַרץ אַן אומעט פֿרעסט
און זויגט און קלעמט,
און אויף מײַן ברוסט מײַן יונג-באַגרויטער-קאָפּ
זינקט שווער אַראָפּ
און מיד,
און ס'ציטערט אויף פֿון בײַנקעניש מײַן זעל
און פּראָסטיק פּילט אַ יעדעם גליד, —
דערמאָן איך זיך אָן דיר, אָן דיר,
מײַן ליבע, גוטע, שלעכט-צעבאַלעוועטעס קינד,
ווען דו פֿלעגסט, ווי אַ פֿרילינגס-ווינט
אין אָוונט לײַכט אַרײַנשוועבן צו מיר
גאָר אומגעריכט,
און מיט דעם שמײכל אויף דײַן בראָנזענע געזיכט
און מיט דעם פֿריידיק-יאָנטעוודיקן ליכט
פֿון דײַנע ברוינע ברייטע אויגן
וואָס האָבן זיך געמינעט אין דער פֿינסטער,
ווי אַ פֿרילינגס-רעגנבויגן, —
אַרײַנהויכן אַ פֿרייד אין מיר.

דערמאָנסטו מיך,
דערמאָן מיך כאָטש צום גוטן,
איך טו עס אויך אַזוי.

ה. גודעלמאַן

# אַ פרי-מאָרגן אין שטאָט

פון טורעם האָט אַ ברום געטאָן דער מאָרגן;
דער הימל לאַכט פון נעכטיקדיקע זאָרגן;
אַ העלער שטראַל, מיט בלאַסן גאָלד געאַרעמט,
באַלויכטן האָט די דעכער און דערוואַרעמט.
די שאָטנס קענען ניט דעם מאָרגנס בליק פאַרטראָגן,
הויבן זיי זיך אָן נאָך מאַירעוו שנעל צו יאָגן,
אַ רויך, אַ גרויער שטויב, האָט זיך אַרויפגעהויבן,
געדרייט זיך איבער עפּעס האָט אַ מאַכנע טויבן,
אַ הודזשען, פייפעריי האָט זיך דערהערט אין גיכן,
און ווידער האָט די זאָרג אין גאַס גענומען קריכן.

# האָט דער טאָג אַ מידער זיך דערפּילט

האָבן קינדער מיטן טאָג
דעם גאַנצן טאָג זיך אָנגעשפּילט,
האָט דער טאָג אַ מידער זיך דערפילט
און אין אַן אָראַנזש-היל פאַרהילט
אין אַ רויטלאַך-בלאַסן טאָל אַראָפּגעגאַנגען.
האָט אַ פּורפּור-טול זיך אויסגעשפּרייט,
ראָזע סטיינגעס, ווי ראַקעטן,
האָבן זיך געדרייט,
פּאָכערס בלויע האָבן זיך צעוויִיט,
מיט טראָלדן גאָלדענע באַהאַנגען.
גרינע, שמעקנדיקע, פרייד-געזאַנגען,
אויסגעמישט מיט טורם-גלעקער קלאַנגען
זיינען ערגיץ וואו פאַרזונקען,
האָט זיך אַלץ אין אַ טונקלער פאַרב געטרונקען
און פאַרשוואונדן;
האָבן גרינע, בלאַסע אויגן זיך צעוואונקען
און אַ קאָפּ אין לופטן האָט זיך אָנגעצונדן.

ה. גודעלמאַן

## האָבן מענטשן זיך אין גאָלד געטרונקען

סהאָט די זון צום טאָג זיך מיטן רוקן אויסגעדרייט,
אירע קופּערדיקע האָר אויף מײַלן ווײַט צעשפּרייט
און אין בלויען-גרויען שוים געטונקען.
לאַנגע שטיקער גאָלד האָט ווער צעלאָזן
און באַגילדעט אַלע ביימער, אַלע גראָזן,
האָבן מענטשן זיך אין גאָלד געטרונקען.
און דער טאָג, אַ בלינדער, איז אין לופט געהאַנגען,
אײַנגעהילט אין שטרוי-קאָליר פאָרהאַנגען,
מיט שטרײַפן גרינלאַכע פאַרבונדן,
ביז אַ שטערן האָט זיך אָנגעצונדן.

ניין און פופציק

# האָבן קינדערלאַך געיאָמערט אין די וויגן

סהאָט אַ וודאי ווער די זון געשאָכטן,
איז דער הימל רויט געוואָרן,
האָט דער טאָג דעם זין פאַרלאָרן;
האָט ער אומגעטאַנצט אויף אַלע וועגן,
זיינען שאָטנס אַנגעקומען אים אַנטקעגן
און אים איינגעשלונגען:
האָבן זשאַבעס זיך פאַר פרייד צעשפּרונגען,
האָבן טורעם-גלעקער זיך פאַר פרייד צעקלונגען,
האָבן הערצער פון פאַרליבטע זיך צעזונגען,
האָבן זיך צעפינקלט פייער-פליגן,
האָבן קינדערלאַך געיאָמערט אין די וויגן.

זעכציק

ה. גודעלמאַן

## וואָלקנס

סהאָט ווער אַ שטיק לעוואָנע אָפּגעביסן,
וואָלקנס אין שטיקערווייס צעריסן,
אַ צענדליק שטערן אָנגעצונדן,
איינס צום צווייטן צוגעבונדן,
דערנאָך אַ בלאָז געטאָן אַ שטאַרקן
און צעשאָקלט אַלע ביימער בײַ דעם פּאַרקן.

# נאַכט אין שטאָט

אין פּאַרק אין מיטן נאַכט, —
אויפגעמאַכט
די גאַליק-גרינע אויגן
און ווי אַ לאַנגע שוואַרצע געל-באַפּלעקטע קאַץ
זיך אויסגעצויגן
און אָנגעשפּיצט די אויערן.
האָבן זיך אַרום איר פייער-פליגן אָנגעקליבן;
האָט זי אַ שטרעק געטאָן אַ פוס, אַ האַנט געטאָן אַ שטרעק.
האָט ווידער זיך געדאַכט אַז סאיז אַ קאַץ
וואָס הויבט דעם לאַנגען עק
און אָט אַזוי האָט זי די פייער-פליגן אָפּגעטריבן;
און פון דער ווייט די ווייטע הויכע מויערן
וואָס האָבן זיך אין לופט אַרויפגעריסן,
האָבן זיך ווי ציינער פון דער נאַכט
אין טונקל הימל-בלוי אַריינגעביסן.
און זי מיט גאַליק-גרינע אויגן
בליציק אויפגעמאַכט
אין פּאַרק — אין מיטן נאַכט.

ה. גודעלמאַן

# האָבן וועלדער זיך געשלאָגן

סהאָט ווער די שטראַלן פון דער זון אַראָפּגעשאָרן,
זיינען בלינד און קורץ די טעג געוואָרן;
וואָלקן שפּיציק לאַנגע זיינען אָנגעקומען
און ווי גרויע אָקסן-פּעלן אויף אַ בלויען טייך געשוואומען.
האָבן ווינטן מיט אַ סוויסטש צעלאָזט זיך אויף די וועגן,
האָבן ביימער אָנגעהויבן זיך פון שרעק צו רעגן
און געשטעלט די ווינטן זיך אַנטקעגן.
האָבן ווינטן שטאַרקער זיך גענומען שפּאַרן, יאָגן,
האָבן וועלדער מיט די ווינטן זיך געשלאָגן.

# האַרבסט

פון ערגעץ אַ לאַנד אַ ווייטן,
אויף אַ וואָלקן שטיל צו רייטן
איז דער האַרבסט געקומען;

האָט אַ פּנים — הוילע ביינער,
געלע, לאַנג-צעפּוילטע ציינער,
און איין פוס אַ קרומען;

סאיז זיין פּלייצע אויסגעבויגן,
קוקט מיט האַלבע בלינדע אויגן,
הערט ניט אויף צו ברומען.

אויף איין אַקסל ליגט אַ שטעקן,
גרויע זעק צו ביידע עקן
היינגען צוגעבונדן;

אויפן צווייטן היינגען פעסער,
איינער פון דעם צווייטן גרעסער,
און פאַרשטעקט מיט שפונטן.

ה. גודעלמאַן

האָט ער איין זאַק אָפּגעלאָזן,
האָבן ווינטן זיך צעבלאָזן
מיט אַ ווילדן צאָרן;

האָט די זון זיך טיף באַהאַלטן
צווישן שוואַרצע וואָלקן-שפּאַלטן,
איז דער טאָג באַלד בלינד געוואָרן.

ביימער האָבן שטאַרק געציטערט
און די קעפּ, פון קעלט פאַרביטערט,
צו דער ערד געבויגן;

צו די ווינטן ווילד אַנטקעגן
זיינען פייגל אויף די וועגן,
קראַקנדיק געפלויגן.

האָט ער פּעסער אָפּגעבונדן
און אַרויסגעשלעפּט די שפּונטן,
האָט אַ רעגן זיך צעגאָסן;

און פון קאַלטן, שטאַרקן רעגן,
זיינען טייכלאַך אויף די וועגן
בורטשנדיק געפלאָסן.

# אָקטאָבער

איין שטיק הימל — בלוי,
אַ צווייטע —
גרוי.
און צווישן ביידע שטיק
אויף זילבער־שטריק,
היינגט אַ קופּערנע צעגליטע בלעך
אַרומגעלייגט מיט פּעך.
ביימער — גרינע שירעמס אָפּבלאַקירט
אויפגעמאַכטע שטייען;
בלעטער — געלע, דאַרע שטיקלאַך לעדער
קופּעס־ווייז צעווישן די אַלייען.
די לופט, ווי שאַרפער ספּירט,
מאַכט האַרב אין נאָז;
ווי אַ צענוואַקיק ניט־געגאָלטע באָרד
שטעקט פון דרערד אַרויס דאָס געלע גראָז.
קראַנקע, ווייסע, זומער־פייגל שטייען,
אויף אַ נידעריקן ברוינעם קוסט,
ווי ווייסע פלעקן אויף אַ נעגער־פרוים ברוסט.
אַ ווינטל קיל און שאַרף
ברומט און זשומט,
ווי סוואָלטן פינגער פון אַ האַלצהעקער באַרירט
די גראָבע סטרונע פון אַ האַרף.

ה. גודעלמאַן

## שטייט זיך איינער

סאיז דער הימל טיף און בלוי,
פול באַזעצט מיט שטערן;
שטייט זיך איינער גלאַט אַזוי,
בײַ אַ גאַס-לאַמטערן.

האַלט די לולקע פעסט אין מויל,
און דעם קאָפּ געבויגן;
איז ער מיד אַזוי און פויל,
קלעפּן זיך די אויגן.

שליסן זיך די אויגן צו,
כאַפּט ער זיך אַ דרימל;
רויטלט זיך דער מאָרגן שוין,
אויפן בלויען הימל.

## ברויט

סאיז זיין רוקן ווי אַ רייפל אויסגעבויגן,
ספּאַנים, ווי אַ האַרבסט-בלאַט, געל און אײַנגעצויגן,
גייט ער אויף אַ שטעקן אָנגעשפּאַרט,
שלעפּט ער זיך אַזוי די אַלטע פּיס און שאַרט;
זעט ער וואו אַ פּעסל מיסט מיט קויט,
קלייבט ער אויס פאַר זיך דאָרט ברויט.

ה. גודעלמאַן

## באַם שײנק

זי שטײט געבױגן באַ דעם שײנק,
און װיגט זיך הין און הער;
איר מי צו האַלטן גלײך דעם גוף,
אומזיסט איז איצט און שװער.

זי האַלט די אױגן האַלב פאַרמאַכט,
דעם הוט אין האַנט פאַרקלעמט;
צעדראַפּעט איז איר בלײך געזיכט,
די פלאַקס־האָר ניט פאַרקעמט.

און װיגנדיק זיך, זינגט זי שטיל,
אַ פרײלאַך לידל אױס:
און שמײכלט דאַכט זיך װי אַ קינד
אױף דער מאַמעס שױס.

# גערעט מיט הענט צו זיך אַליין

ער איז געגאַנגען און גערעט צו זיך אַליין.
זיין ריידן האָט מען ניט געקענט פאַרשטיין;
ער האָט נאָר מיט די ליפּן קוים באַוועגט,
זיין פּאָנים איז געווען פאַרשיקערט, אויפגערעגט,
די אויגן זיינע, רויט דערשראָקן ווילד,
דאָס קויטיק לייב אין טראַנטעס איינגעהילט.
און איז אַ פרוי געגאַנגען לעבן אים פאַרביי,
האָט ער מיט האַס געטאָן אויף איר אַ שפּיי,
און איז אַ וויל געבליבן שטיל, פאַרטראַכט,
און באַלד זיך אויף אַ ווילדן קאָל צעלאַכט,
און וויגנדיק זיך אָנגעפאַנגען ווייטער גיין
ריידנדיק מיט הענט צו זיך אַליין.

ה. גודעלמאַן

# אַלצדינג וועל איך טאָן פון אייערט וועגן

דער געזאַנג פון ווייסן ווינטער־מאָרגן
האָט אים אויפגעוועקט;
זיין האַרץ האָט זיך צעוויגט פון פרייד.
ער האָט די הענט אין לופטן אויסגעשטרעקט,
פאַרזשמורעט זיינע גרויע אויגן,
און ווי אַן אַלטער קאָטער פויל
זיך אויסגעצויגען,
צעעפנט ברייט דאָס מויל,
מיט אַ פּליעסק צוריק פאַרמאַכט,
און געטראַכט
פון לעצטער נאַכט
וויפיל ער האָט פאַרשפּילט.
דערנאָך האָט ער זיך אָפּראַזירט,
אַ וואַנע אויך גענומען,
באַשפּריצט זיין קאָפּ און לייב
מיט אַלערליי פאַרפומען,
אַ שוואַרצן אַנצוג אָנגעטאָן,
און קעגן שפּיגל אָנגעקוואָלן
פון זיין רויט צעפלאָמט פּאָנים
וואָס זעט אויס ווי אָנגעשוואָלן.
אַ פריילעכער האָט ער אין עס־צימער
אַריינשפּאַצירט;
אַ ווײַלע קעגן פרוי און קינדער
קאָקעטירט,
און ברומנדיק גאַנץ שטיל,
אַ לידל פון אַ וואָדעוויל,
אַוועקגעזעצט זיך פרישטיק עסן.
די פרוי באַם זייט,
די קינדערלאַך אַנטקעגן;

באַ יעדן צווייטן שלונג האָט ער געגעבן איר אַ גלעט,
זי האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ בליק פאַרשייט.
און פריידיק האָט ער שטיל אַרויסגערעט: —
„אַלצדינג וועל איך טאָן פון אייערט וועגן".
ער האָט זיך אויפגעהויבן,
איר אַ קוש געטאָן אין שטערן,
די קינדערלאַך צום הארצן צוגעדריקט,
און זיי געוואונטשן: — „זייט באַגליקט".

און ווען אין לאַנגן שוואַרצן ריכטער קלייד
ער האָט דאָס שטיק פאַזיגלטע פאַפּיר פאַר זיך שוין אויסגעשפּרייט
און האָט דעם טויטלאַך-בלאַסן יונגנמאַן
דערזען פאַר זיך אַנטקעגן,
האָט ער אַרויסגעזוונגען שטילערהייט: —
„טויטן וועט מען דיך די וואָך
פון יאַנואַר דעם צענטן".
האָט ער אַרויסגעזונגען שטילערהייט
מיט דערזעלבער רואיקייט כמעט
און מיט דערזעלבער פרייד
ווי ערשט נישט לאַנג אין הויז צו ווייב און קינד —
„אַלצדינג וועל איך טאָן פון אייערט וועגן".

ה. גודעלמאַן

## וואָס איז מיט מיר?

— וואָס איז מיט מיר, וואָס איז מיט מיר?
כוויים ניט וואָס עס איז מיט מיר.
ניט נאָר ווער אַ בליק אויף מיר,
ציטערט אויף מיין האַרץ אין מיר;
כוויים ניט וואָס עס איז מיט מיר.

— וואָס איז מיט מיר, וואָס איז מיט מיר?
גיי איך נאָר אין גאַס אַרוים
שפּרייט אַ שרעק פאַר מיר זיך אוים,
בויגן זיך די קני צו דרערד
אַלץ קוקט מיר אוים פאַרקערט.
כוויים ניט וואָס עס איז מיט מיר.

— וואָס איז מיט מיר, וואָס איז מיט מיר?
כוויים ניט וואָס עס איז מיט מיר.
טוט אַקלאַפּ ווער אָן מיין טיר,
ווערט פאַרקילט דאָס בלוט אין מיר,
סדוכט עס שלאָגט מיין לעצטע שאָ
און איך בין שוין מער ניטאָ, —
כוויים ניט וואָס עס איז מיט מיר!

## כהאָב זיך מוירע אומצוקוקן

כהאָב זיך מוירע אומצוקוקן,
כפיל די בליקן זייערע הייגגען אויף מיין רוקן
און זיי וויטיקן און שרעקן.
ברוינע, רויט-באַפּלעקטע הענט זיך שטרעקן
הינטער מיר
און ווילן מיך אויף שטיק צערייבן,
עס זאָל פון מיר אויך קיין געדעכעניש ניט בלייבן;
וויגן זיך די פיס, ווי ווערבעס,
הייגגען מיינע הענט, ווי קראַנקע פליגל,
לויפן אום ווי קוועק-זילבער די אויגן, —
רעטונג, רעטונג!
זע איך:
קינדער לאַנג שוין ניט געזוינגענע,
מיט פּענימלאַך ווי פּאַרמעט געל
און אויסגעצויגענע.

ה. גודעלמאַן

און מענטשן,
בלינדע
און שטומע,
און פאַרגליווערטע ווי טויטע —
אויף וועגן רויטע
און קרומע.
און װענט,
פון שטיקער הענט,
און טרעפּ,
פון קעפּ.
און ווייבער, מיט שמאַטעס אַרומגעבונדענע
און אָפּגעלאָזענע —
ווי הענגנדיקע פּי אין יאַטקע אָפּגעשונדענע,
און ווייבער אויך דורכזיכטיקע דאַרע
און מיטן פּאַכאַד וואָס דערמאָנט אַ שטורם-כמאַרע,
זיצן קופּעסוויים אויף וועגן,
און אויף שטעגן,
אויף גראָז, אין בלאָטע, און אויף האַרטע ערד,
און קלאָגן וואָיענדיק ווי וועלף אין סטעפּ
איבער גישט-דערשאָכטענע קעפּ
און איבער גרויע בערד.

## אין מיטן טאג

האָבן מיר אין מיטן העלן טאָג
מאָמעליכע וויי־געשרייען
מיינע אויערן פאַרטויבט,
אָפגעטויטע קינדער בליקן
מיר מיין פרייד גערויבט;
האָב איך פעסט מיין טיר פאַריגלט,
מיינע לאָדן צוגעמאַכט:
קען דער טאָג מיך ניט דערפרייען
איז שוין בעסער אייביק נאַכט.

ה. גודעלמאַן

## זייערע בליקן

באַגעגנט זיך מיין בליק מיט זיי׳רע בליקן
טוט אַ הייב זיך אויף מיט קראַפט מיין האַנט
נאָר מאַכטלאָז פאַלט זי באַלד אַראָפּ צוריק,
ווי סוואָלט זיי׳ר בליק געפּענטעט מיינע הענט מיט שטריק.
און טיפער ווערט מיין ווייי און גרעסער נאָך מיין שאַנד
און פיל אליין צעפליקן זיך אין שטיק.

## כפיל זיך פרעמד

כפיל זיך פרעמד צווישן זיי,
כטראָג אַליין דעם טיפן ווײ.
און ער פרעסט און זויגט און זויגט
דאָס בלוט פון האַרצן,
און ער הילט אַיין מיינע טעג אין שוואַרצן,
און מיין קאָפּ צו דרערד ער נויגט.
גיי איך בייז פאַרנויגט דעם קאָפּ
צו דער פרעמדער ערד אַראָפּ,
שעלט און שפּיי אויף יעדן טראָט,
וואו מיין פוס האָט ווען געטראָטן,
וואו מיין יוגנט איז צעשאָטן.

## אייער צאַר

אייער צאַר אין מיינע אויגן,
אייער ווייטיק אײַנגעזויגן,
האָט מיין האַרץ שוין יאָרנלאַנג;
דריי איך איצט זיך ווי אַ שלאַנג,
פון אייער ווײ, פון אייער פּיין.
כקען ווי איר אַצינד ניט זיין,
איר, ווי קינדער, בלאָנדזשעט אום,
בלאָנדזשע איך אויך צווישן אייך אַרום,
מיט אַייער ווײ, מיט אַייער צאַר,
און מע האַלט מיך פאַר דעם נאַר.

## מעג מען מיר

מעג מען מיר די וועגן מער פאַרצאַמען
און מיין בלוט נאָך מער פאַרסאַמען, —
איך וועל שווייגן.
נאָר דער צאָרן, וואָס וועט פיבריש
אין די אויגן מיינע פלאַמען,
וועט דאָן ציייגן
ווי איך פיל
אין דעם רויטן שפיל.

ה. גודעלמאַן

## אָן אַ גאָט

איך בין ניט ווי איר,
איר זיינט ניט ווי איך;
כטראַג אין האַרץ נאָר גוטס באַ זיך,
איר נאָר בייזקייט טראָגט פאַר מיר.
איר פאַרמאָגט נאָר שפּאָט,
קענט נאָר ליבן זיך אַליין
און אייער האַרץ — אָן גאָט.

## וואו ?

גאָט !
היט כאָטש דו מיך אָפּ אַצינד,
סאיז מיין זעל נאָך ריין פון זינד;
כהאָב פאַרבלאָנדזשעט אין דיין וועלט,
מיר אַוועג-ווייזער איצט פעלט.
כשטיי אין מיטן וועג אַליין,
כוויים ניט ווייטער וואו צו גיין.
גאָט !
ווייז כאָטש דו אַ וועג אַצינד
אַ פאַרבלאָנדזשעט מענטשנ-קינד !

ח. גודעלמאַן

# ערגיץ האָב איך זיך פאַרלאָרן

ערגיץ האָב איך זיך פאַרלאָרן
און איך ווייס ניט וואו:
כבין אַ צווייטער איצט געוואָרן
סגיט דער צווייטער מיר קיין רו.
און עס בייִנקט זיך נאָך דעם ערשטן
און איך זוך אים איצט אַרום,
נאָר דער צווייטער ווי אַ שאָטן,
גייט מיר אויך נאָך אומעטום.

# איך

מיין שלאָף איז אַ פיבער אַ שווערער,
מיין כאָלעם — אַ פלוצלונגער שרעק,
מיין לעבן — אַ פאַלנדער שטערן,
מיין שטערבן — אַ כוואַליע באַם ברעג.
מיין ליבע אַ שאָטן פון שיין,
מיין סינע — אַ גיפט, וועלכער דרינגט נאָר
אין אייגענעם האַרצן אַריין.

ה. גודעלמאַן

# ווער עס וויל זאָל עפענען מיין טיר

ווער עס וויל זאָל עפענען מיין טיר,
אומגעשטערט אריין אין הויז צו מיר,
אויף מיין שטול זיך זעצן אויבן־אָן
אין מיינע קליידער אָנגעטאָן
און זיין דער באַלעבאָס פון הויז;
איך אַ נאַקעטער אין דרויסן וועל אַרויס.
רייסן שטיקערווייס דאָס פלייש
פון זיי,
פון זיך,
שרייען מיט אַ ווילד־געשריי: —
איר זיינט מער ניט איר,
איך בין מער ניט איך.

## זאָל זיין אַזוי

זאָל זיין אַזוי, מיין פריינט, זאָל זיין אַזוי.
און איז די לופט איצט רויכיק־גרוי,
זאָל זיין אַזוי.
און וואַקסט אין האַרץ נאָך גרעסער דער פאַרדראָס,
ניט פרעג פאַרוואָס,
ניט פרעג.
נאָר זופּ דעם וויין וואָס מער פון גלאָז,
ווייל דאָס וואָס מוז געשען, וועט דאָך געשען,
ניט וויסנדיק אַוואו און ווען.
זאָל זיין אַזוי, מיין פריינט, זאָל זיין אַזוי.

ה. גודעלמאַן

# אַ שוואַרצער פאָרהאַנג

סהאָט אַ שוואַרצער פאָרהאַנג זיך געטאָן אַ הויב,
האָט אַ זעץ געטאָן מיט רויך און שטויב,
האָט אַ שטאָלענער האָגל צווישן רויך געגלאַנצט,
קעפּ אין לופטן האָבן אומגעטאַנצט,
פעט און רויט געמאַכט די געלע ערד, —
האָט אַ ביינער־קנאַקן זיך דערהערט,
האָבן הירזשן אָנגעהויבן פערד,
זיינען אָנגעלאָפן וועלף און הינט, —
האָט דער פאָרהאַנג זיך אַראָפּגעלאָזט געשווינט.

## ווער?

ווער האָט רויט געמאַכט די וועגן?
— ניט קיין רויטער רעגן
רויט געמאַכט האָט אונדזערע וועגן.

ווער האָט זיי געמאַכט צו שלאָפן?
— ניט קיין בליץ האָט זיי געטראָפן,
וואָס זיי זיינען איינגעשלאָפן.

ווער האָט אונדזער פי פאַרנומען?
— ניט קיין וועלף זיינען געקומען
און די פי פון אונדז פאַרנומען.

ווער פאַרברענט האָט אונדזער שייער?
— ס'האָט ניט קיין געוויינלאַך פייער
אָנגעצונדן אונדזער שייער.

ה. גודעלמאַן

# אויב

אויב עס וויינט אין מיר דאָס האַרץ,
אויב עס זיינען מיינע טעג ווי ראָבן שוואַרץ,
אויב מיין זעל איז פול מיט זינד,
אויב עס ווערן מיינע אויגן בלינד,
און מיין קאָפּ מיט גרויע האָר באַדעקט,
אויב מיך יעדער שאָטן שרעקט —
זיינט איר נאָר שולדיק,
איר.

# אין שפיגל

ער האָט אַ בליק געטאָן אין שפּיגל
און פֿאַר זיך אַליין דערשראָקן;
ערשט געוואָרן פיר און צוואַנציק
און עס זיינען זיינע האָר שוין
ווייס אַזוי ווי בא אַ זאָקן.
ערשט געוואָרן פיר און צוואַנציק,
און דאָס פייער, וואָס פלעגט גליען
אין די שווארצע גרויסע אויגן,
וועלכע פלעגן הערצער ציען
יונגע קעפּ פאַר אים פאַרנויגן,
איז אינגאַנצן שוין פאַרשוואונדן,
ווי אַ פרילינגס-רעגעבויגן.
ערשט געוואָרן פיר און צוואנציק,
און צוּאַקערט, פול מיט קנייטשן,
איז זיין יונג-פאַרעלטערטערט פּנים,
ער זעט פון יוגנט קיין סימאָנים —
ערשט געוואָרן פיר-און-צוואַנציק.

ה. גודעלמאַן

## היט מיך אָפּ

וואו איך גיי, וואו איך שטיי,
וואו איך גיב זיך נאָר אַ דריי,
שפּירן זיי מיר נאָך,
מאַכן שווערער מיר מיין יאָך,
און פאַרצאַמען
און פאַרסאַמען
מיר מיין יעדן טראָט...
היט מיך אָפּ פון זיי, מיין גאָט!

## צו זיך אַליין

כהאָב זיך צוגעהערט צו יעדנס רייד,
זיך אַיינגעקוקט אין יעדנס קלייד,
און טיפער איז מיין וויי געוואָרן.
און האָב איך ווען געהאַט אַ טראָפּן פרייד,
האָב איך עס אויך דאַן אָנגעוואָרן.
איצט הער איך שוין ניט קיינעם מער,
איך הער זיך צו צו זיך אַליין,
און האַרציק איז מיין ריידן,
אַ יעדעם וואָרט וואָס כרעט צו זיך
לינדערט מיינע ליידן.

ה. גודעלמאַן

## ווער עס וויל

ווער עס וויל זאָל אָננעמען מיין האנט.
מעג ער פרעמד אין גאַנצן זיין צו מיר,
מעג ער זיין מיט מיר שוין לאַנג באַקאַנט,
און פירן מיך העט ווייט פון זיי אַוועק.
סהאָבן זיי׳רע בליקן אײַנגעהילט מיין האַרץ אין שרעק
מיר מיין יעדן פרייען טראָט פאַרצאַמט,
און מיין בלוט אין יעדן אָדער מיר פאַרסאַמט,
ווער עס וויל זאָל אָננעמען מיין האנט,
ווער עס וויל....

## וואָס קומט מיר אַרויס?

האָב איך שוין אַ הויז,
וואָס קומט מיר אַרויס,
אַז מיין הויז איז גרויס,
שיין אויסמעבעלירט?
וואָס קומט מיר אַרויס
אַז די ווענט פון הויז
זיינען שיין באַצירט?
שטילט עס דען מיין וויי,
פאַרגעס איך דען אָן זיי?
וואָס קומט מיר אַרויס,
אַז אין שיינעם הויז
איז פאַראַן אַ פרוי,
וואָס איך ליב אַזוי,

ה. גודעלמאַן

שטילט עס דען מיין וויי,
פאַרגעס איך דען אָן זיי?
וואָס קומט מיר אַרויס,
אַז אין שיינעם הויז,
חוץ דער שיינער פרוי,
וואָס איך ליב אַזוי,
טאַנצט אַרום אַ קינד,
ווי אַ פרילינגס-ווינט
מיט אַ פרייד-געשריי?
שטילט עס דען מיין וויי,
פאַרגעס איך דען אָן זיי?

## ציטערדיקע ליפּן

בלויע, דינע, ציטערדיקע ליפּן
האָבן צו זיין יונג-צעשראָקן פּאָנים זיך געפּרעסט
פּונקט ווי קראַנקע בלויע טויבן צו אַ וואַרעם נעסט;
אויגן רויט, ווי קוילן גליענדע,
האָבן טרערנלאָז אויף אים געקוקט,
אַקסלען שפּיציקע האָבן קאָנוואולסיוו געצוקט,
ביינערדיקע הענט, ווי דאַרע צווייגן,
האָבן צו אַ פלאַכער ברוסט אים היים געדריקט,
ווי אַ בוים אַ יונגען אים אַהער און הין געוויגט.

ה. גודעלמאַן

# איך בעט

קומט די נאַכט,
ברייננגט זי מיר אַ וויסטע שרעק,
בעט איך זאָל די נאַכט אַוועק
און דער טאָג זאָל קומען.
קומט דער טאָג,
ווער איך פון אַן אומעט אַזאַ שווערן
מיט אַמאָל אַרומגענומען,
זע איך זיך ווי אין אַ וואָלקן,
— מיט אויגן אָפענע — אַ בלינדן.
בעט איך זאָל דער טאָג פאַרשווינדן.

## כוואָלט געגלויבט

וואָלט אַ בליץ די אויגן מיינע אויסגעברענט,
וואָלט איך עפשער גלויבן דאָן געקענט,
אַז נאָך דער נאַכט דער טאָג וואָס קומט צוריק
ברייננגט אייביק פרייד פּאַר אַלעמען און גליק.
וואָלט אַ דונער מיינע אויערן פּאַרטויבט,
וואָלט איך אפשר דאַמלט שוין געגלויבט,
אַז אייביק רו איז איבער שטאָט און פעלד
און אַז מען לעבט אין שאָלעם אויף דער וועלט.

ה. גודעלמאַן

## היינט אָדער מאָרגן

היינט אָדער מאָרגן —
די שפּיל וועט זיין אוים:
דאָס וואָס איז קליין איצט
ווערן וועט גרוים;
דאָס וואָס איז גרוים איצט
זיין וועט דאַן קליין;
ווערן דאָס לעבן
וועט לויטער און שיין.
היינט אָדער מאָרגן —
די שפּיל וועט זיין אוים:
אַ שאָף וועט דאַן רוען
באַם וואָלף אויפן שוים.

# האָב איך עפּעס דאָך געטאָן

סמוז אַ מענטש דאָך עפּעס טאָן!
וואָס-זשע קען איך איינער טאָן?
איינער קען דאָך גאָרניט טאָן!
האָב איך סהעמד אַראָפּגעריסן,
מיט די ציין מיין לייב צעביסן,
און מיינע אייגן בלוט געטרונקען,
ביז איך בין צו דרערד געזונקען.
סמוז אַ מענטש דאָך עפּעס טאָן!
האָב איך עפּעס דאָך געטאָן, —
וואָס קען איינער מערער טאָן?

ה. גודעלמאַן

# איך וועל שטומען

כהאָב מיין האַנט פון האַרץ אַראָפּגענומען
וואָס עס וויל זיך, זאָל שוין זיין!
מעג מיין מאַזעל אייביק פינסטער זיין,
איך וועל שטומען;
סהאָט מיין ריידן
קיינמאָל ניט געבראַכט מיר פריידן.
וועט ער קומען
מיט אַ פריידיק ברומען,
וועל איך אים ניט גיין אַנטקעגן,
וועל אים אויך ניט פרעגן,
וואָס ער האָט זיך אַזוי לאַנג געזאַמט,
ווייל מיין בלוט אין יעדן אָדער
איז שוין לאַנג, שוין לאַנג פאַרסאַמט.

גערדרוקט
אין
פינף הונדערט
עקזעמפּליאַרן

געזעצט לויט
דער נייסטער
אָרטאָגראַפֿיע

(העברייאיזמען
מיט אידישער
אויסלייגאַכץ)

דרוקעריי
„פּיין פּרעס“
נו־יאָרק

# אינהאלט:

## א

נאָמען — זייט


מיינע בריוו — — — פופצן
אין גאַס — — — זעכצן
און זיך אַליין — — — זיבצן
באַם זונען־אונטערגאַנג — — — אַכצן
זונטיק — — — ניינצן
ווען — — — צוואַנציק
פאַרוואָס? — — — איין און צוואַנציק
דער זייגער — — — צוויי און צוואַנציק
טוט מען ווען אַ קלאַפּ אָן טיר — — — דריי און צוואַנציק
אָפּגענאַרט — — — פיר און צוואַנציק
ווערסטו וויסן — — — פינף און צוואַנציק
כבענק נאָך אַ טאַטן — — — זעקס און צוואַנציק
גליק — — — זיבן און צוואַנציק
אין דער שטיל — — — אַכט און צוואַנציק
ניט פרעג — — — ניין און צוואַנציק
האַרץ מיינס — — — דרייסיק
נאָר איך איינע — — — איין און דרייסיק
באַ דיין הויז — — — צוויי און דרייסיק
ליבסטער מיינער — — — דריי און דרייסיק
טרינקען — — — פיר און דרייסיק
קלאַלעס — — — פינף און דרייסיק
אַ טרער פאַרלאָרן — — — זעקס און דרייסיק


## ב


אַליין מיט איר — — — איין און פערציק
מיט פאַרדראָס — — — צוויי און פערציק
וויס איך — — — דריי און פערציק
אַ דאַנק — — — פיר און פערציק
ווער איך שטיפערישער — — — פינף און פערציק
וואָס איר ווילט — — — זעקס און פערציק
פאַרלאָזט געזונטערהייט — — — זיבן און פערציק
מיין פרייד — — — אַכט און פערציק
שעם זיך ניט — — — ניין און פערציק
סאיז גוט אַזוי — — — פופציק
סילוויאַבעל — — — איין און פופציק
איך טו עס אויך אַזוי — — — צוויי און פופציק


## ג


אַ פרי־מאָרגן אין שטאָט — — — זיבן און פופציק
האָט דער טאָג אַ מידער זיך דערפילט — — — אַכט און פופציק

נאָמען זייט

האָבן מענטשן זיך אין גאָלד געטרונקען — — — ניין און פופציק
האָבן קינדערלאַך געיאָמערט אין די וויגן — — — — — זעכציק
וואָלקנס — — — — — — — — — — איין און זעכציק
נאַכט אין שטאָט — — — — — — — — — צוויי און זעכציק
האָבן וועלדער זיך געשלאָגן — — — — — — — דריי און עכציק
האַרבסט — — — — — — פיר און זעכציק און פינף און זעכציק
אָקטאָבער — — — — — — — — — — — — זעקס און זעכציק
שטייט זיך איינער — — — — — — — — — — זיבן און זעכציק
ברוים — — — — — — — — — — — — — אַכט און זעכציק
באָם שיינק — — — — — — — — — — — — ניין און זעכציק
גערעט מיט הענט צו זיך אַליין — — — — — — — — זיבעציק
אַלצדינג וועל איך טאָן פון אייערט וועגן — — איין און זיבעציק
„ „ „ „ „ „ — — צוויי און זיבעציק

ד

וואָס איז מיט מיר ? — — — — — — — — זיבן און זיבעציק
כהאָב זיך מוירע אומצוקוקן—אַכט און זיבעציק און ניין און זיבעציק
אין מיטן טאָג — — — — — — — — — — — — אַכציק
זייערע בליקן — — — — — — — — — — איין און אַכציק
כפיל זיך פרעמד — — — — — — — — — צוויי און אַכציק
אייער צאַר — — — — — — — — — — — דריי און אַכציק
מעג מען מיר — — — — — — — — — — פיר און אַכציק
אָן אַ גאָט — — — — — — — — — — פינף און אַכציק
וואו ? — — — — — — — — — — — — זעקס און אַכציק
ערגיץ האָב איך זיך פאַרלאָרן — — — — — — — זיבן און אַכציק
איך — — — — — — — — — — — — — אַכט און אכציק
ווער עס וויל זאָל עפענען מיין טיר — — — — — ניין און אַכציק
זאָל זיין אַזוי — — — — — — — — — — — — ניינציק
אַ שוואַרצער פאַרהאַנג — — — — — — — — איין און ניינציק
ווער ? — — — — — — — — — — — — צוויי און ניינציק
אויב — — — — — — — — — — — — — דריי און ניינציק
אין שפיגל — — — — — — — — — — — — פיר און ניינציק
היט מיך אָפּ — — — — — — — — — — — פינף און ניינציק
צו זיך אַליין — — — — — — — — — — זעקס און ניינציק
ווער עס וויל — — — — — — — — — — זיבן און ניינציק
וואָס קומט מיר אַרוים ? — אַכט און ניינציק און ניין און ניינציק
ציטערדיקע ליפּן — — — — — — — — — — — — הונדערט
איך בעט — — — — — — — — — — — הונדערט און איינס
כוואָלט געגלויבט — — — — — — — — — הונדערט און צוויי
היינט אָדער מאָרגן — — — — — — — — הונדערט און דריי
האָב איך עפּעס דאָך געטאָן — — — — — — הונדערט און פיר
איך וועל שטומען — — — — — — — — — הונדערט און פינף